

# דער פראלעטאריער

## אויף פרישע לופט.

אויף דער גאס, איבערהויפט אויף דער בירזשע, איז זרח, אנ'ארבייטער פון א יאהר אכטצעהן, געווען א קעמפפער, א מיטגליעד פון זעלבסטשוץ; אין דער היים, ביים טאטען-מאמען, איבערהויפט ביי דער מאמען, איז זרח געווען א שוואך-קינד, מיט א „שוואך-הארץ", מיט א טרוקענעם הוסט און מיט נאך אזוינע מעלות. עס פערשטעהט זיך, אז זרח פלעגט נישט מיט חשק אויסהערען, ווען די מאמע פלעגט נעהמען בעדויערען זיין „געזונד", און ער פלעגט שטענדיג לאכען פון איהר, וואס זי זעהט איהם צו, פונקט ווי ער וואלט געווען א בורזשוי'ס א קינד.

— נישטא קיין צייט אויף אזעלכע נארישקייט!— פלעגט ער שטענדיג איהר אפהאקען, ווען זי פלעגט

זיך בעהמען איהם מוסר'ן, וואָס ער עסט ווייניג, שלאָפט ווייניג און הוסט אַזוי.

און די מאַמע פלעגט מיט אַ זיפץ איהם אָבלאָזען, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, ווי גערעדט:

— אַי, זוהן זוהן, וועסט זיך עפּיס אָנמאַכען.

און — עס זאָל צו קיין שאַנד נישט זיין — גערעכט איז געווען די מאַמע — די לעצטע צייט האָט זרח אליין זיך אָנגעהויבן קלאָגן, אַז די ברוסט טהוט איהם עפּיס וועה, ניטאָ — קיין כּח! — געוועהנליך האָט ער עס געמאָלדען מיט אַ היצעלע, אַ סך וועהטאָגען פערלייקענט, אָבער די מאַמע האָט גלייך דערפיהלט, אַז זרח איז אַ חולה, און האָט איהם מיט געוואַלד אוועקגעפיהרט צום דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר האָט איהם ארומגעקוקט און געזאָגט, אַז קיין רעצעפּטען דאַרף ער נים, ער מוז נאָר האָבען פרישע לופט און דערצו טרינקען אַ סך מילך און אויפהערען אַרבּייטען אויף אַ קורצע צייט.

ניט אַרבּייטען איז אַ שווערער לאַו, נאָר מיט חסד: דער טאַטע, אויך אַן'אַרבּייטער, ווייסט איהם, ווי עס איז, אויסהאַלטען. די צייטען זענען אפילו שווערע, נאָר אַ תּירוץ איז דאָס? אַ קינד! אָבער וואָס טהוט מען מיט פרישע לופט? וואו נעהמט מען זי, אַז אין דער גאַס, וואו זיי וואָהנען, איז אַזוי ענג — ניטאָ קיין בּוימעל, קיין גרעזעל, קיין בּלימעל.

האָבען אַפילו לייט געזאָגט, אַז ער זאָל געהן

אָפּט אין שטאָדט־גאָרטען. גוט וואָלט עס געווען — איז אָבער דער גאָרטען זעהר ווײַט פון זײַער דירה, וועט ער דאַרפען זיך צוויי־דרײַ מאָל שלעפּען אַהײַם, — עסען און נעכטיגען אין סאָד קען מען דאָך ניט, — וועט איהם מעהר אָבקומען געזונד, ווי עס וועט איהם צוקומען, און אַגב איז אַ סברה, אַז ווי באַלד דער „סאָד" געפינט זיך אין שטאָדט, איז די לופט דאָרט אויך ניט פײַגעלדיג. שטויב איז דאָרטען אויך גענוג. וואָרום ווער געהט ניט היינטיגע צײַטען שפּאַצירען אין גאָרטען?

האָט די מאַמע אַ זאָג געטהון, האַלב אין שפּאַס, האַלב אין ערנסט: זאָל ער פאָהרען אויף אַ דאַטשע! האָבען זיך אָנפאַנגעס אין שטוב אַלע איבערגעשראָ־קען... אַ דאַטשע איז אַ צו־רײַכער ביסען, ווער ווײַס, צי וועלען זײַ עס קענען אויספיהרען. אָבער אַז די מאַמע האָט זיך געהאַלטען עצות מיט ווײַבער, צווי־שען וועלכע אײַנע האָט זיך געפונען אַ שטיקעל נגידה, האָט איהר די לעצטע ערקלערט, אַז אַ דאַטשע איז גאָר ניט אַזוי טײַער, ווי דער עולם מײַנט.

— באשר רײַכע וואוינען דאָרטען — האָט זי איהר ערקלערט — דאַכט זיך שוין, אַז דאָס איז זעהר טײַער, וואָרום וואָס איז אײַגענטליך אַ דאַטשע? — אַ דאָרף!...

און דערגעהענדיג אַקוראַט, וואָס אַ דאַטשע

איז האָט די מאַמע זיך איינגעשפּאַרט, אַז זרח זאָל פאָהרען אויף אַ דאַטשע.

— סך־הכּל איז דאָרטען דערהויפּט די דירה טייערער, אָבער אַזוי זאָגט מען איז אַלץ איינס, ווי אין שטאָדט, און מילך איז נאָך וועלוועלער.

זרח האָט זיך אפילו אין אָנפאַנגס געקווענקעלט: סטייטש! ער אויף אַ דאַטשע וואָס וועלען „חברים" זאָגען! און בכלל האָט ער קיין צייט ניט, אַז סך־הכּל מוז ער נאָך היינט געהן אויף דער בערזע, ער האָט אַזאַ נויטיגע זאַך... עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. אין דעם פּרט איז שוין די מאַמע געווען אַנ'עקשנ'טע, זי האָט איהם געמאַכט אַזוי שווער אויפ'ן האַרצען, אַז זרח'ן האָט זיך געדאַכט, אַז איהם איז זעהר ווייניג געבליבען צו לעבען און ראַטעווען קען איהם נאָר די דאַטשע.

און ער איז אַוועקגעפאָהרען.

---

די דאַטשע איז געווען אַ מייל פון שטאָדט ביי אַ באַהן־סטאַנציע. געקומען איז ער צו'הין מיט אַנ'עלטערער שוועסטער, וועלכע האָט איהם געדונגען אַ דירה — אַ קליין צימערל, ביי אַ דאָרטיגע פויער, פאַר 5 רובל אַ חודש. די ערשטע מינוטען האָט ער פערגעסען, ווער ער איז, און וואָס ער איז געווען ביז אַהער, און האָט נאָר געמורמעלט אין איין קול:

„אַי, ווי גוט! אַי, ווי גוט!...

נאָכדעם, ווי די שוועסטער האָט איהם בעשטעלט וואו צו עסען און טרינקען, איז זי אַוועקגעפאָהרען.

זרח איז געבליבען אַליין...

אויף מאָרגען איז ער אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה. ער האָט אָבגעטרונקען די פּאָרציע מילך און איז אַרויס אין וואַלד. אין וואַלד איז נאָך קיינער פון די דאַטשניקעס ניט געווען. די פייגעלעך, ווי זיי וואָלטען וועלען זיך בענוצען דערמיט, וואָס די דאַטשניקעס זענען נאָך אין דער היים, האָבען זיך צעזונגען אַלע פרעהליך. זרח האָט פעררימען דעם קאָפּ צו די בוימער און געקוקט, פון וואַנען נעהמט זיך דאָס אַזאַ מין מוזיק... דאָס ערשטע מאָל אין לעבען הערט ער פייגעלעך זינגען.

„זיי זינגען טעקי שען", האָט ער מודה געווען און פאַר צופרידענהייט האָט ער אַליין אָנגעהויבען צו זינגען „די שבועה"...

— אָבער דער פּראָלעטאַריאַט איז אין שטאָדט!
— איז איהם דורכגעפלויגען אין קאָפּ, זינגענדיג די „שבועה", און דער וואַלד, און די פייגעלעך האָבען ביי איהם דעם חן פערלוירען.

אַזייגער עלף איז דער וואַלד אַלץ בעזעסענער געוואָרען מיט מענשען; אין אַ שעה אַרום איז ער

פול געוואָרען מיט האמאקען, און וועלכע עס האָבען זיך געוויעגט דיקע, זאַטע פרויען.

זרח האָט געקוקט אויף דאָס נייע בילד און עפּעס ניט פערשטאַנען. די בורזשואַזיע האָט ער גאָר געקענט פון דער בראָשורע; אין לעבען האָט ער זי זעלטען געזעהען.

שפּעטער אָבער האָט ער זיך גלייך געכאַפּט, אז דאָס איז דאָך די בורזשואַזיע, די אמת'ע בור־זשואַזיע, געגען וועלכע ער מיט זיינע חברים קעמ־פּפען... אָט שטעהט ער קעגען זיי פּנים אל פּנים... אָט זעהט ער זיי אין לייווענטענע בעטלעך, זאַטע מיט צופריעדענע פּנים'ער.

ווי קומט ער אַהער?

ער האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין.

ער האָט זיך געלאָזען אַרויס פון וואַלד.

און דער וועג האָט זיך געצויגען דורך שענע זומער־וואוינונגען, ביי די זומער הייזלעך זענען גע־שטאַנען רוהיגע בחורים, מיידלעך מיט לאַכעדיגע פּנים'ער און האָבען געשפּיעלט אין קראָקעט.

נעבען איין זומער־וואוינונג האָט ער זיך אָבּ־געשטעלט, ניט וויסענדיג צוליעב וואָס. ער האָט זיך בעגעגענט מיט בליקען פון קראָקעט־שפּיעלער, וועל־כע האָבען אויסגעדריקט פערוואונדערונג און א ביסעל מורא.

ער האָט זייערע בליקען ניט געקענט פער־

טראָגען, און איז אוועק ווייטער, בעגעגנענדיג אַלע די זעלבע מענשען.

— אָט דאָס, הייסט עס, זענען זיי! — האָט ער געטראַכט.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער שטאָדט, אָן זיינע „חברים”, אָן דער שווערער אַרבייט; אַ געפיהל פון האַס צו די, וואָס ער האָט דאָ ערשט געזעהען, מיט אַ רחמנות=געפיהל צו די, וואָס ער האָט פער=לאָזען, האָט זיך צונויפגעמישט ביי איהם אין האַר=צען, און עס האָט איהם שרעקליך וועה געטהון.

מעהר פון אַלע האָט איהם געקרענקט, וואָס זיי שעהמען זיך גאָר ניט, האָבען גאָר קיין ברעקעל מורא ניט. מילא! ער איז אַ קראַנקער, אַנ'אויסגעהאָ=רעוועטער פּראָלעטאַריער, געקומען טרינקען מילך און שעפּען אַ ביסעל לופט, ער זאָל כח האָבען ווידער צו אַרבייטען, אָבער איהר, געזונטע... ווי שעהמט איהר זיך דאָס ניט אַזוי צו לעבען?...

איהם האָט זיך פערוואָלט פאַר עמיצען אויס=ריידען דאָס האַרץ, נאָר ער האָט קיינעם ניט—דער איינציגער פּראָלעטאַריער אויף דער דאַטשע...

און אַ שווער געפּנהל האָט געדריקט זיין האַרץ...





# רייזעלע.

## I.

אַז דאָס אכט־יאָהריגע רייזעלע שטעהט אויף אין דער פריה, רייבט זי אויס די פערשלאָפענע אייגעלעך, קוקט זיך אום אין אַלע פיער ווינקעלעך פון דעם קליינעם שטיבעלע און זוכט עפּיס.

זי זוכט די מאַמען. נאָר די מאַמע איז שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען אין מאַרק מיט'ן קויש עפיל און רייזעלע זיפצט אָב:

— אַזוי גיך איז זי שוין אַוועקגעגאַנגען!

פויל טהוט זי אָן דאָס אַלטע צוריסען קליידעלע, וואַשט זיך און געפינט עפּיס אַ שמאַטע, עהנליך צו אַ האַנטיך און ווישט זיך אָב. דעמאָלט ווערט איהר קלאָרער דאָס מוח'ל, זי דערמאָנט זיך, אַז די מאַמע האָט אַ גאַנצע נאַכט געהוסט, געפּאָכט מיט דער נשמה. זי האָט איהר דערלאַנגט קאַלט וואַסער

מיט אַ שטיקעל צוקער, נאָר עס האָט ניט געהאָלפען... די מאַמע האָט אויף איהר עפּיס אזוי מאָדנע געקוקט... „רײזעלע, האָט זי געזאָגט, דו האָסט אויף מיר רחמנות?" זי האָט ניט געענטפערט, זי האָט זיך נאָר פונאַנדערגעװײנט און איז אַװעקגעלאָפען אין אַ װינקעלע, שטאַרקער אויסװײנען זיך, מעהר געדענקט זי ניט. זי װײסט נאָר, אַז איהר האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט גע'חלומט.

— זי איז שוין געזונד — טרײסט זיך רײזעלע — אזוי װאָלט זי דאָך אין מאַרק ניט געגאַנגען.

זי געהט צו צו'ם טיש און געפינט דאָרט גרײט פאַר איהר „אָנבײסען" — אַ שטיקעל ברויט, און אַ ביסעל מילך אין אַ צובראָכענער גלאָז.

אַז זי עסט אָב דאָס אָנבײסען װערט איהר אומעטיג. זי בעט גאָט, עס זאָל פינסטערליך װערען און די מאַמע זאָל שוין קומען. זומער קען זי זיך נישט אײנהאַלטען און לויפט אין מאַרק זעהן, װאָס מאַכט דאָרט די מאַמע, און חאָטש די לעצטע פלעגט זיך שטענדיג קלאָגען, אַז זי האָט גאָרנישט געלײזט, פלעגט דאָך רײזעלע קלויבען נחת שטעהענדיג נאָהענט נעבען דער מאַמען. איהר נחת פלעגט זיך דײטליך אויסדרוקען, װען אַ קונה פלעגט אונטער קומען צום קאָשיק עפּעל און געבען עפּיס צולײזען. זי פלעגט פרעהליך אויסרופען:

— מאַמעלע, דו לײזט!

נאָר די מאַמע פּלעגט דאָס רוב טרויריג ענטפערן:

— אז אָך און וועה, מײַן טאָכטער, צו'ם לייענג — פאר א גאַנצען טאָג ערשט די דריטע קאָפּיקע. —

ווינטער אָבער פּלעגט רייזעלע דעם פערגעניגען אויך ניט האָבען. קיין שיך האָט זי קיינמאָל נישט געהאַט און לויפען אין מאַרק א באָרוויסע איז קאַלט. די מאַמע זאָגט, מען קען זיך פערקיהלען און חלילה שטאַרבען. און שטאַרבען האָט זי געוואוסט איז זעהר א ביטערע זאַך. ווען איהר טאַטע איז געשטאָרבען געדענקט זי ניט, נאָר זי ווייסט, אז ער ליעגט דאָרטען ווייט אונטער דער שטאָדט אויפ'ן בית עולם אין א טיעפער גרוב און קען פון דאָרט קיינמאָל נישט אַרויס, אפילו זומער אויך ניט... קיינמאָל ניט!... דעריבער היט זי זיך און זי זיצט ווינטער א גאַנצען טאָג אין שטוב און וואַרט ביז וואַנען עס ווערט פינסטער, ווען די מאַמע דאַרף קומען.

— שוין פינסטער! גיעהט זי צו אלע ווײַלע צום פענסטער. באַלד, באַלד קומט זי.

נאָר עס קומט אוהר אויס פיעל צו וואַרטען. אין דעם קליינעם שטיבעל מיט די פערפרוירענע קליינע שײַבעליך ווערט פינסטער בשעת אויפ'ן גאַס איז נאָך גוט ליכטיג און עס ציהט זיך רייזעלען אויף לאַנג די צײַט.

— עס איז דאָך שוין פינסטער, פאַר וואָס קומט זי ניט? זיפצט זי מיט אונגעדולד.

און אַז אין קלײנעם שטיבעלע ווערט שוין די פינסטערניש געדיכט און רײזעלע קען שוין ניט זעהן, וואָס אַרום איהר געפינט זיך אויסער דאָס שטיקעלע פּריפּעטשיק, וואָס די מאַמע האָט ניט לאַנג אָבגעקאַלכט, דאַמאָלס דערהערט זי אַ קלאַפּ אין טהיר. איהר קלײן הערצעלע שפּרינגט שיער נישט אַרויס פאַר שמחה און זי צעזינגט זיך:

— די מאַמע געהט, די מאַמע געהט!

זי ווײסט, אַז קײן אַנדערער קומט צו זײ קײנ=מאָל נישט, און ווירקליך, עס קומט צו געהן די מאַמע, אַ פערפרוירענע, שטעלט אַוועק דעם קאָשיק נעבען טהיר און רופט אויס:

— וואו ביזטו, רײזעלע?

— אָט בין איך, מאַמע. דאָ לעבען בעט — צינד אָן פײער.

די מוטער רײבט אָן אַ שוועבעלע, און צינדט אָן דאָס לעמפּעלע, אַ שוואַכע שײן בעלײכט דאָס שטיבעלע, נאָר פאַר רײזעלע איז גענוג — זי דאַרף נאָר דערזעהן די מאַמע און זי זעהט איהר פאַרן רויִיגען פּנים גאַנץ גוט און זי ווערט פרעהליך.

— מאַמע, וועטשערע וועסטו קאָכען?

— ווי דען? — ענטווערט די מוטער. — ביזט אודאי אַ הונגעריגע.

נײַן! איך װיל גאָרניט עסען — דו װילסט דאָך אָבער עסען.

— איך װיל אויך ניט, איך האָב אויפ׳ן מארק געקויפט א האַלב פונט ברויט און געגעסען מיט א צופּוילטער עפּיל — א מחיה!...

די מוטער לעגט פערנאנדער א פײַער, אַז עס ברענט זיך פערנאַנדער שטעלט זי צו א טעפּעל װאַ־סער און זי זעצט זיך אװעק מיט רײַזעלען. רײַזעלע קוקט דאָ אויפ׳ן פײַער, דאָ אויף דער מאַמען און עס איז איהר אַזוי גוט, אַזוי װאַרים...

דאָס טעפּעל װאסער הײבט פרעהליך אָן צו זיעדען. די מוטער פערקאָכט אַביסעל גרויפּען און אין א האלבע שעה עסען זײ בײדע די װעטשערע.

בײַ די ערשטע צװײ לעפּעל פערהוסט זיך די מוטער. רײַזעלע הערט אויף צו עסען און װאַרט ביז װאנען די מאַמע װעט זיך אויסהוסטען. די מאמע װיל איהר זאָגען, זי זאָל נישט װארטען און עסען, נאָר דער הוסט װארגט זי און זי קען א װאָרט נישט אויסרעדען.

— מאמעלע, גענוג דיר צו הוסטען—, בעט זיך די קלײנע רײַזעלע מיט טרעהרען.

— דו זשאלעװעסט מיר? — פרעגט די מוטער נאָכ׳ן אויסהוסטען זיך, גלעטענדיג רײַזעלען איבער׳ן קעפּעלע.

נאָר אָנשטאָט אנ'ענטפער נעהמט זי רײזעלע ארום און װײנט זיך פערנאַנדער.

---

II.

רײזעלע איז אַלט געװאָרען צװעלף יאָהר' עס איז זומער געװען. דורך די קלײנע מיט שטויב פערצױגענע שײבעליך האָבען זיך די שטראַה־לען פון דער זון, װי מיט געװאַלד אַרײן געשפארט אין שטיבעלע און זיי זענען געפאלען אויף רײזעלעס פנימ'ל. רײזעלע, װאָס איז דעם גאַנצען פריה־מאָר־גען געזעסען פערטרויערט האָט זיך פון דאָס זיסע ליכט ערמונטערט און עס האָט זי געצויגען אויפ'ן גאס... נאָר װאָס װעט זי דאָרט טהון? שפּיעלען זיך האָט זי ביט מיט װעמען, אלע מײדלעך אין איהרע יאָהרען געהען אין פײנע קלײדעלעך, און זי האָט אפילו קײן שיך נישט. אלע שעמען זיך מיט איהר. אײן חבר'טע האָט זי נאָר — די מאמע!... זי איז אזא גוטע, אזא גוטע... אַלץ פאָלגט זי איהר, די גוטע מאַמע, אפילו אַז זי הוסט זיך פונאַנדער קומענדיג אהײם פון מארק, און זי בעט זי זאָל אויפהערען, פאָלגט זי איהר אויך. נאָר בײנאַכט העלפט נישט איהר בעטען. הײנט בײנאַכט האָט זי אזוי געהוסט... רײזעלע האָט איהר צװײ מאָל װאסער דערלאַנגט, נאָר עס האָט נישט בעהאָלפען... װאָס הוסט אזוי

די מאַמע? זי זאָגט דאָס איז אַ פֿעהלער, נאָר מען קאָן דערמיט אויסלעבען די יאָהרען. איהר מאַמע — די באָבע—איז אויך אַזוי געווען און האָט אויסגע־לעבט די יאָהרען.. „אוי גאָט, זאָל די מאַמע לעבען!״ צעווייינט זיך אין רייזעלען דאָס קליינע הערצעלע. דער מאַמעס בלאָס פּנים מאָלט זיך איהר און עס ציהט זי צו איהר... דאָס ענג שטיבעלע, ווערט איהר נאָך ענגער... „אין מאַרק״ בליצט איהר דורכ'ן קליין קעפּעל—„צו דער מאַמען״...

און אַ באָרפיסע, אין אַנ'אַלט־צוריסען־קליידעלע לויפט זי גלייך אוועק צו דער מאַמען

— נו, וואָס ביזטו געקומען, רייזעלע? - פרעגט זי די מאַמע מיט ליעבשאַפט.

— אַזוי זיך, מאַמע... אומעטיג...—ענטפערט רייזעלע, ווי שעמעדיג.

— נו, נו, קיין בייז נישט.. טרייסט זי די מאַמע—שטעה זיך דאָ, קיין געלד לייזט זיך סיי ווי סיי נישט.

אַ זיצערין פון קעגען איבער, וואָס קריעגט זיך שטענדיג מיט רייזעלעס מוטער פאַר אַ קאָפּיקע פדיון און ווערט „גוט־פריינד״ בשעת ביידע לייזען נישט, פערלאָזט איהר בענקיל און געהט־צו צו זיי ביידען. בעטראַכטענדיג רייזעלען מיט דורכדרינגענדע בליקען רופט זי זיך אָן.

— דו ווייסט, חיענע, אַז דײַן רייזעלע וואַקסט אָהן עין־הרע.

— זאָל נאָר אַזוי איהר מזל וואַקסען! זיפּצט אָב חיענע, קוקענדיג מיט פײַכטע אויגען אויף איהר קליין־דאַר טעכטער'ל.

— וואָס מיינסטו, רעדט ווײַטער די זיצערין — נאָך אַ יאָהר, נאָך אַ יאָהר — באַלד ווערט זי אַ „מויד" און זי דאַרף שוין אַ חתן. די יאָהרען לויפען... ווי לאַנג בין איך געווען אַזא מיידעלע? דאַכט זיך נעכטען... אַ גאַנץ שען מיידעל — ענדיגט די זיצערין, בעטראַכטענדיג רייזעלעס געקרייזעלטע העהרעליך. וואָס פאַלען אַראָב אין לאָקען אויפ'ן בריַיטען שטערענדיל, בעטראַכטענדיג איהר בלאַס פּנים'ל, מיט די טיעפע, שווארצע אויגעלעך.

רייזעלע קען נישט פערטראָגען דער זיטצערינס בליקען. אויף איהר בלײַכען פּנים'ל בעווײַזען זיך אַ פּאָר רויטליכע פלעקען און זי ווערט נאָך שענער. די זיצערין לויבט ווײַטער:

— גאָר אַ שען מיידעל!

— זאָל זי האָבען נאָר אַזאַ שען מזל ווי שען זי איז — זיפּצט אָב חיענע, — איהר טאַטע זאָל פאַר איהר זײַן אַ גוטער בעטער, רבונו־של־עולם!

— אודאי! ענטפערט די זיצערין — ווער דען אַז נישט „ער". פון דעסטוועגען, חיענע, האָסטו

אליין געדארפט עפּיס אָנהויבען זאָרגען פאר איהר, עס איז קיין תּכלית ניט.

— נו, וואָס זאָל איך טהון — זיפצט די מוטער — איך זאָל זי שטעלען מיט א קויש עפּיל? — איך אליין לייז גאָרנישט.

— וואָס עפּיס מיט א קויש עפּעל! — האַקט אָב די זיצערין, ווי זי וואָלט זיך דערשראָקען פאר נאָך א קאָנקורענטקע. גיעב זי בעסער אַוועק אויף א „שטעל"... קיין יחוס איז היינטיגע צייטען נישטאָ...

חייענע מיט רייזעלען האָט זיך איבערגעקוקט, ביידענס געזיכטער האָט א טויטליכע בלאסקייט בעדעקט און האָבען שטרענג אקוק געטהון אויף דער זיטצערין, חז זיי וואָלטען פאָרגעוואָרפען:

— מערדערין! צושיידען ווילסטו אונז!...

רייזעלע איז שוין פון דער מאַמען ניט אַוועקגעגאַנגען. זי האָט געווארט ביז עס איז פינסטער געוואָרען און זיי זענען ביידע אַהיים געגאַנגען; אויפ'ן וועג האָבען זיי צווישען זיך ניט גערעדט, ווי זיי וואָלטען פלוצים שטום געוואָרען. מינוטען־ווייז פלעגט רייזעלע אָננעמען דער מאַמען פאַר'ן קלייד, ווי זי האָלט פאַר עפּיס זיך געשראָקען...

אַז זיי זענען געקומען אין שטיבעלע, איז שוין פינסטער געווען, רייזעלע האָט אָנגעצונדען פייער און האָט זיך דערשראָקען: איבער דער מאַמעס

געלֿ־דאַר פּנים האָבען זיך געקויקעלט צוויי גרויסע טרעהרען.

— מאַמעלע, דו וויינסט! האָט זי מיט שרעק אויסגעשריגען, צוטולענדיג זיך צו איהר.

— וואָס דען, מיין טאָכטער, לאַכען זאָל איך?...

„זי" איז דען ניט גערעכט? וועה צו מיר, דו ביזט שוין אַ מיידעל פון 12 יאָהר און האָסט אַפילו קיין פּאָר שיך ניט, קיין העמד אויפ'ן לייב. און איך בין קראנק, איין גאָט ווייס, ווי אַזוי איך שטעה אויפ'ן מאַרק... וואָס וועט זיין דער סוף?...

— נו, וואָס זאָל איך טהון? — האָט רייזעלע געפרעגט — אז איך וואָלט געקאָנט פערדינען געלד, וואָלט איך זיך געמאַכט אַ קליידעל מיט שיך און דיר וואָלט איך אויך געמאַכט אויף יום־טוב אַ שיין קליידעל...

די מוטער האָט אַ ווײַלע געשוויגען, קוקענדיג מיט פולע בליקען אויף איהר טעכטעריל, נאָכדעם האָט זי שטיל געפרעגט:

— דו, רייזעלע, וואָלסט וועלען פערדינען געלד?

— אָהאָ! — האָט רייזעלע זיך דערמונטערט — „איך וואָלט נאָר געוואוסט ווי אזוי. איך וואָלט נאָר וועלען זיין אַ שניידערין. לאָה שרה'ס, וואָס וואוינט קעגען אונז איז אויך אַ שניידערין. און זי פערדינט אַזוי פיעל געלד! אַלע שבת זעה איך זי שפּאַצירען

אין אזא שיין קליידעל!... אפילו אין מיטען וואך געהט זי אין א היטעלע. נאר איך וואלט קיין היטע־לע ניט געטראגען. איך וואלט בעסער געקויפט דיר א נייעם פארוק, דיינער האט זיך שוין גאר צוריסען...

— ניין, מיין טאכטער - האט איהר די מוטער איבערגעשלאגען — א שניידערין איז ניט פאר דיר, ביז וואנען דו וועסט אנהויבען נעהמען געלד וועט געדויערען דריי יאהר און קיין קליידעל וועסטו זיך אליין נישט קענען מאכען, ביי'ן אנקומען דארף מען נאך געבען דער „בעל־הבית'טע" צעהן רובל פאר'ן אויסלערנען זיך.

— טא, ווי־זשע פערדינט מען געלד? — האט רייזעלע אומעטיג געפרעגט.

— דו האסט דאך געהערט, וואס „זי" האט געזאגט...

רייזעלעס בלייך פנים'ל איז בלייכער געווארען אין איהרע טיפע אויגעלעך איז אומגעשוואומען א שרעק.

— און דיך לאזען אליין, מאמע, ביינאכט זאלסטו אפילו ניט האבען ווער עס זאל דיר א בי־סעל קאלט וואסער דערלאנגען?

די מוטער האט גארנישט געענטפערט — נאר צוויי טרעהרען זענען אראב גערונען פון איהרע מאטע אויגען אויף רייזעלעס פנים'ל...

— נו, מאמע, וויין נישט, האט רייזעלע זי

געבעטען, — דו וועסט דאָך מיך אָבגעבען צו אַ גוי־
טער „בעל־הבית'טע”, וועט זי מיך לאָזען אלע נאַכט
געהן צו דיר שלאָפען...

— ניין, מיין טאָכטער — קיין גוטע „בעל־
הבית'טעס” זענען ניטאָ — אז זיי צאָהלען געלד, ווי־
לען זיי האָבען אַ נוץ בייטאָג און ביינאַכט.

— און זיי האָבען גאָר קיין רחמנות ניט?...—
האָט רייזעלע דערשראָקען געפרעגט.

די מיטער האָט אויף דער פראגע נישט גע־
ענטפערט. זאָגען זיכער „ניין” האָט זי ניט געוואָלט
איבערשרעקען איהר איינציג ליעב קינד, וועלכע וועט
געוויס שוין מוזען צו „זיי” אריינפאַלען, און זאָגען
„יאָ” האָט איהר די צונג ניט געדיענט: וויפיעל בעל־
הבית'טעס זי האָט געקענט, זענען אַלע בייזע געווען,
און זי האָט געשוויגען...

III.

אין אכט טאָג אַרום איז רייזעלע אָנגעקומען
צו סאַדאַם גלאָצמאַן.

— דו זאָלסט גאָר זיין אַ בריה, — האָט איהר
די מאַדם גלאָצמאַן די ערשטע אונטעררי<br>כט געגע־
בען — אַ בריה האָבען אלע ליעב. און דו זאָלסט
פאָלגען, וואָס מען וועט דיר הייסען, אַלעמען דארפסטו
פאָלגען, אַפילו דער קעכין, וועט דיר דאָ זיין גוט.

רייזעלע האָט אויסגעשטעלט די אויגען אויף דער גרויסער גראָבער מאַדאַם. זי האָט ניט געקענט פֿערשטעהען, ווי אַזוי קען דאָס זיין „גוט" אַז אָט די גרויסע גראָבע מאַדאַם וועט איהר געבען עסען, וועט איהר זאָגען: „געה לעג זיך שלאָפען!" אַז אָט די גראָבע מאַדאַם וועט איהר „הייסען" טהון אַנ־אַרבייט און זי וועט קיינמאָל ניט זאָגען „מיין קינד", „מיין טאָכטער", אַפילו רייזעלע וועט זי ניט זאָגען, זי וועט איהר שטענדיג רופען „דו".

— ניין! דו ביזט אַ ליגנערין, אַ שלעכטע! — האָט רייזעלע די ערשטע נאַכט געקלערט, ליגענדיג אויפ'ן בעטעל אין קיך: „גוט" קען מיר דאָ ניט זיין; גוט איז דאָרטען אין דעם קליינעם שטיבעלע, נעבען דער קראַנקער מאמען. דאָ איז פאַר מיר אַנ'אָסטראָג... ביינאַכט וועט די מאַמע דאָרט הוסטען און איך וועל דאָ דאַרפען אַרבייטען... און אויף וואָס דאַרף „זי" מיך, אָט די גראָבע גרויסע „בעל-הבית'טע", זי הוסט-דען, ווי מיין מאמע, וואָס?... זי איז דאָך אַזאַ געזונטע... און טאָמער וואָלט זי אַמאָל אַ הוסט געטהון — האָט זי אַזוי פיעל מענשען, וואָס וואָלטען איהר אַפילו ווײַן דערלאַנגט. און דאָרטען ליעגט מיין מאַמע צלײַן און הוסט, הוסט. בעט זיך: רייזע־לע, רייזעלע... אביסעל וואסער... רייזעלע, אביסעל וואסער...

און רייזעלע האָט זיך צוראָבגעכאַפּט פון בע־

טיל, צוגעגאַנגען צום פענצטער, געזוכט מיט די אויגעלעך יענס קליין שטיבעלע — וואו איהר מאַמע ליעגט אַליין און רופט זי...

— מאַמע, מאַמע, טהייערע מאמע! האָט ריי= זעלע ניט אויסגעהאַלטען און האָט זיך פונאַנדער= געוויינט, איינגורענדיג דאָס קעפּעלע אין קישען.

איהר געוויין האָט אַבער קיינעם ניט געוועקט, אַלע זיינען פעסט געשלאָפען...





# ארימע לייט.

אויף די אָרימע לײַט, װאָס קומען יעדען טאָג צעהנדליגער נאָך אַ נדבה, האָט חנן דער תבואה־הענדלער שטענדיג געקוקט, װי אויף אַ בעזונדערע אומה, חאָטש איסער יודישע ־אָרימע־לײַט פלעגען אין זײַן שטיבעל נישט אַרײַנקומען. זײער גאַנצער הילוך, זײער האַלטען זיך, זײערע אַלע פּאָס־טעמקעס האָבען געטראָגען אַ כאַראַקטער פון אַ פרעמד, װײַט פאָלק. אַ חדוש נאָר װאָס רעדען רעדען זײ דוקא יודיש...

חנן איז ניט געװען קײן גוטהערציגער, אָלענפאַלס איז עס פון זײַנע בענעהמונגען ניט געװען קענטיג. שטענדיג אַ פערטראָגענער, אַ בײזער, אַ צורײַצטער פון שלעכטע, ביז־געראָטענע מסחרים, פלעגט ער זיצען אין שטיבעל, שוין אפילו אין די רוהיגע מינוטען, װי אַ ברוגז'ער אויף װעלט און

מענשען. אַז עס פלעגט אַרײַנקומען אַנ'אָרימאַן, פלעגט ער זיך בײַז ווענדען צו אײַנעם פון די הויזיגע:

— גיעב איהם שוין אַ שטיקעל ברויט און זאָל ער געהן.

און אַז דער אָרימאַן פלעגט זײַן פון דער אַריסטאָקראַטיע, וואָס געהען אָהן טאָרבעס און נעה־מען גאָר מזומנים, פלעגט ער ווערען אַנ'אויפגע־קאָכטער.

— ער וויל ניט, ווי ער וויל זיך...

און נאָכהער פלעגט ער אַ צורײַצטער מורמלען:

— ברויט איז זײַ שלעכט, דוקא אַ גראָשען!...

אָבהאָרטשענדיג אַ ווײַלע אויפ'ן אַריסטאָקראַ־טישען אָרימאַן, פלעגט גלײַך אַ מסחר־מחשבה פער־טרײַבען דעם געדאַנק וועגען אָרימאַן און חנן פלעגט פערגעסען דאָס פאַרגעקומענע.

---

האָבען אָבער די לעצטע יאָהרען חנן'ס מסחרים אַזוי שלעכט אָנגעהויבען צו געהן, אַז צײַטענווײַז איז איהם אַ שאַד געווען אַנ'אָרימאַן אַ שטיקעל ברויט צו געבען. און וואונדערליך: דוקא איז די שווערע צײַטען האָט ער געפיהלט, אַז יעדער אָרימאַ ווערט איהם נעהנטער. על כל פנים האָט ער שוי־ןיכער געגלויבט, אַז די אַלע אָרימע לײַט זענע

ווײַנע ברידער, געהערען צו דער אומה יודען...

און אײַנמאָל, ווען ביי חנן׳ען אין שפּײַכלער איז קיין סערענדעל תבואה ניט געווען, אין שטוב קיין גראָשען געלד ניט און נאָר אַ האַלבער לאַבען שוואַרץ ברויט איז געלעגען אויפ׳ן נאַקעטען טיש, ווי אַ בייזער עדות אויף דעם ווילדען דלות, איז אַרײַן אַנ׳אָרימאַן, זיך געשטעלט בײַם טהיר און מיט אַ געבראָכענעם קול, שטיל און ווי שעמעוודיג אויסגעבראָכט:

— קאָנט איהר עפּיס שענקען?

אַזאַ מין ווענדען זיך פון אַנ׳אָרימאַן איז איהם געווען מאָדנע אומבעקאַנט, און די דאָזיגע נײַע שאלה האָט איהם עפּיס ווי געשראָקען און מיט אַ געפּאַלענקײַט האָט ער געענטפערט:

— אַ שטיקעל ברויט, ר׳ יוד, אויב איהר ווילט.

— אַ שטיקעל ברויט איז אויך גוט...—האָט דער אָרימאַן שוין דרייסטער געענטפערט...

חנן האָט איהם אַליין אָבגעשניטען אַ שטיק ברויט, בעטראַכט אין האַנד די וואָג און האָט משער געווען, אַז עס וועט זײַן אודאי אַ האַלב פונט. צופריעדען האָט ער עס דערלאַנגט דעם אָרימאַן צום טהיר און עס איז געווען קענטיג, אַז דער אָרימאַן וויל עפּיס רעדען. חנן האָט אָבער פאַר אַ שמועס מורא געהאַט, נישט וויסענדיג אַליין פאַר וואָס און האָט זיך אָבגעקעהרט פון איהם...

פון דעם טאָג אָן האָט זיך חנן שטאר גע־
נומען אינטערעסירען מיט אָרימע לײַט און פלעגט
פון צײַט צו צײַט אַ מורמעל טהון, ווי פאַר־זיך.

— יעדער יוד איז ניט בעוואָהרענט פון געהן
איבער די הײַזער...

נאָך דעם דאָזיגען געדאנק פלעגט ער זיס
זיך צוזיפצען און עס האָט אויסגעוויזען, אז אין
עצם איז דאָס ניט אַזוי שרעקליך...

און וואָס טהוט טאקי א יוד — האָט זיך איינ־
מאָל חנה סערטראכט — אז די געשעפטען געהען
אוועק אין דר'ערד און עס איז ניטאָ פון וואנעָן
צו לעבען?... טאָ וואָס טהוט מען?

„מען געהט איבער די הײַזער" — האָט איהם
חי א קלונג געטהון אין די אויערען.

גראָד האָט זיך געעפענט די טהיר און עס
איז אריינגעקומען אַן אָרימאן, אַ יוד פון א יאָהר
זעכציג. חנן האָט איהם גענוי בעטראכט און ער
האָט בעמערקט, אַז דער אָרימאן טראָגט פונקט אַזא
קאפאָטע, ווי זיינע... איין קאָליער און איין שניט...
ער האָט אַ שוידער געטהון.

צו דעם דאָזיגען אָרימאן האָט איהם עפּיס
אַ ציה געטהון; קיין ברויט וועט ער איהם ניט גע־
בען: ער וויל איהם ניט מבזה זיין: ער טראָגט אזא
קאפאָטע, ווי זיינע... ער וועט איהם געבען א גראָ־
שען, וועלכער ליעגט גראָד אויפ'ן קוימען, א רעשט

פון נעכטיגע „הליאג", וואס מען האט געקויפט אויף וועטשערע.

אבגעגעבען דעם גראשען מיט א ציטערדיגער האנד, האט ער זיך געווענדעט מיט א שאלה:

— עפיס א ווייטער יוד?...

דער ארימאן איז פון דער שאלה ווי געהוי-בענער געווארען. ער האט זיך אויסגעגלייכט, בנעימות א זיפץ געטהון און געענטפערט:

— א קאוונער...

— א קאוונער? - האט זיך חנן מאדנע פער-חידושט — עפיס גאר ניט וויט...

— צו-פוס געהן איז גאנץ וויט...— האט דער ארימאן געענטפערט מיט א ווייכען שמייכעלע...

חנן האט איהם בעקוקט ווידער, געפינען, אז די קאפאטע איז פונקט ווי זיינע, נאר די קנעפלעך זענען אביסעל גרעסערע ווי ביי איהם... האט א הוסט געטהון און ווייטער געפרעגט:

— שוין לאנג, אז איהר זענט אין אזא מעמד?...

— שוין שענע עטליכע יאהר... האט דער ארימאן געענפערט און אין זיין ענטפער האט גע-קלונגען א מין שטאלץ...

— איהר האט א ווייב און קינדער? האט חנן ווייטער געפרעגט:

— עס איז דא א ווייב און קינדערלעך, זא-לען געזונד זיין, און מען ווארט אויפ'ן שפייזער...

— וואָס זענט איהר אמאָל געווען?
„ער וועט געוויס ענטפערען אַ תבואה־הענדלער"
— האָט זיך חנן געשראָקען.
און ניט אומזיסט, דער אָרימאַן האָט ווידער מיט שטאָלץ געענטפערט:
— געהאנדעלט מיט תבואה... געווען א סוחר...
איצט האָט שוין חנן געוואוסט דעם גאנצען סוד, די צוקונפט האָט איהם ערשײַנט אָהן אַ שלײַער און ער איז ווי רוהיגער געוואָרען...

